



אבאנאמענטס־פרייז פיר רוססלאנד:
יעהרליך 3 רובל, האלב־יעהרליך 1.50 רובל
פירטעל־יעהרליך 75 קאפ.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג"
נור 5 רובל יעהרליך, האלב־יעהרליך 2.50
רובל, פירטעל־יעהרליך 1.25 רובל.
איינצעלנע נומערן 7 קאפ. 14 העללער.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ.
40 העללער.

פרייז פיר מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 קאפ.
40 העללער, 50 פפעניג.

די אדרעסע פיר רוסלאנד:
Издательство „Тушія“ Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“.
מינדליך נאוואליפקי 7.


## א צייטונג פיר יודישע פרויען און פאמיליע.


ערשיינט יעדע וואך

רעדאקטארען:

פיר בעלעטריסטיק און פראווינץ־אבטהיילונג:
מ. ספעקטאר.

פיר פובליציסטיק און וויסענשאפט.
ד"ר ח. ד. הורוויץ.

פערלאג „פאלקס־בילדונג".

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 7.50 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . 3.75 „
פירטעל־יעהרליך . . . . 1.90 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 6.80 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 6 שילינג 6 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 8.25 פראנק.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג"
יעהרליך 12.50 קראנען; 11.20 מארק;
11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך
און פירטעליעהרליך לויט דיעזע רעכנונג.

די אדרעסע פיר עסטרייך־אונגארן
און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Frauenwelt“
Krakau, Sebastyangasse 32.

Krakau, 19 November 1902. Nr. 21 קראקוי, י"ט מרחשון תרס"ג.




## די פאמיליע

### פון פארצייטען ביז היינט.

דאס היינטיגע פאמיליען־לעבען איז אזוי שען און פשוט, אז מיר קענען זיך גאר ניט פארשטעלען איין אנדער ארט פאמיליען־לעבען. מיט גרויס פערדרוס און בזיון דערמאנען מיר זיך אן אמאליגע צייטען, ווען מען האט געמעגט נעהמען איניגע פרויען. מיר זענען זעהר דאנקבאר רבינו גרשמ'ן, וואס ער האט געמאכט א חרם, אז מען זאל נישט נעהמען מעהר ווי איין פרוי. א „צוויי־ווייבערניק" ווערד פערהאסט אין אונזער געזעלשאפט ניט ווייניגער ווי א גנב אדער א גזלן, און דאס געזעץ אפילו בעשטראפט אזא מענשען מיט א שטרענגער שטראף. נאר דאס, וואס דער מנהג חתונה צו האבען מיט איין פרוי איז אזוי פעסט איינגעווארצעלט געווארען אין אונזער געזעלשאפט, ווייזט, אז ניט נאר דער חרם פון רבינו גרשם אליין האט דאס ארויסגערופען, נאר עס זענען געווען דערויף זעהר וויכטיגע און שטארקע געזעלשאפטליכע סבות. רבינו גרשם האט געמאכט א חרם אויך אויף יענע, וועלכע לייענען פרעמדע בריעף, פון העסט־וועגען ווערען די מענשען, וועלכע צעשטערען דעם חרם דרבינו גרשם

פון לייענען בריעף, ניט אזוי גערודפ'ט ביי אונז, ווי די מענשען, וועלכע זענען עובר דעם ערשטען חרם דרבינו גרשם.

בכלל האט א מענש אדער אפילו איינינע איינצעלנע מענשען ניט בכח צו בעשאפען א נייע תקופה אין א געזעלשאפט. ווען אין א געוויסער געזעלשאפט ענדערען זיך די מנהגים און די גאנצע ארדנונג פון לעבען, און די מענשען הויבען אן צו לעבען אויף איין אנדערען אופן, ווי פריהער, איז א סימן, אז אלע פארמען און בעדינגונגען פון לעבען זענען שוין נישט מסכים מיט די אלטע ארדנונגען און מוזען אויסגעביטען ווערען אויף נייע. געוועהנטליך איז ניט אזוי לייכט ארויסצושטיפען די אלטע סדרים, וועלכע זענען איבערגעגעבען געווארען בירושה פון איין דור צום צווייטען, און זענען צוזאמענגעוואכסען מיט'ן לעבען, אזוי ווי די נשמה מיט'ן גוף. עס קומט דאמאלס צו א גרויסע מלחמה צווישען די אלטע און די נייע ארדנונג פון דער געזעלשאפט. דער נייער דור הויבט אן פלוצלינג אונצופריעדען זיין מיט דעם אלטען לעבען, ניט וויסענדיג אקוראט פאר וואס. נאך דעם קומען איינציגע מענשען און זאגען קלאר ארויס, וואס דער נייער דור ווינשט, געבען די נייע געדאנקען א געוויסען סדר, א געוויסע פארמע. די מלחמה דויערט אזוי לאנג, ביז וואנען די בעדינגונגען פון לעבען, וועלכע רופען ארויס די נייע סדרים און געזעצען, ווערען שטארקער און שטארקער. די אלטע סדרים שטארבען ביסלעכווייז אב און איבערגעבען די ממשלה די נייערע און יונגערע דורות מיט זייערע לעבענס-ארדנונגען. ווען מיר זעהען אז דער מנהג צו מעגען נעמען איינינע פרויען (פאליגאמיע) איז אויסגעביטען געווארען אויף דעם מנהג צו נעהמען איין פרוי (מאנאגאמיע), איז דערפון א ראיה, אז די בעדינגונגען פון דער געזעלשאפט האבען זיך געענדערט און אז לויט די נייע בעדינגונגען האט פאליגאמיע שוין ניט געקאנט עקזיסטירען.

די אופנים פון לעבען האבען זיך אזוי שטענדיג געענדערט און ממילא האט זיך אויך געענדערט דאס פאמיליען-לעבען, ווייל די פארם פון פאמיליען-לעבען זענען ענג פערבונדען מיט דעם לעבען פון דער געזעלשאפט. אויך פון חומש קענען מיר זעהען, אז די פארם פון פאמיליען-לעבען האט זיך שטענדיג געענדערט. די תורה האט פערבאטען חתונה צו האבען מיט א מומע, דערויף איז דא איין איסור כרת. א צייט פריהער זעהען מיר, אז עמרם האט גענומען זיין מומע יוכבד'ן. דאס גלייכען האט די תורה פערבאטען צו נעהמען צוויי שוועסטער. יעקב האט גענומען לאה מיט רחל'ן — צוויי שוועסטער. פון דער מעשה מיט לוט'ן קענען מיר שליסען, אז גאר אין די ערשטע צייטען איז ניט געווען אזוי שטארק פערבאטען חתונה צו האבען אפילו מיט איין אייגענער טאכטער.

בכדי גוט צו פערשטעהן די פערשיעדענע פארמען פון פאמיליען-לעבען אין דער מענשליכער ענטוויקלונג, מוזען מיר א ביסעל אבגעהן אן א זייט און ערקלערען, ווי אזוי עס האט זיך געבילדעט די ערשטע פארהיסטארישע חברה.

דער מענש איז פון אייביג אן א געזעלשאפטליך וועזען, דאס הייסט, דער מענש האט שטענדיג געמוזט לעבען אין א געזעלשאפט, אין א קיבוץ פון נאך מענשען. אין דעם זענען שוין אלע נאטורפארשער מסכים. נאר די פראגע איז, ווי אזוי עס האבען זיך אויסגעבילדעט די פערשיעדענע חברות אין די ערשטע צייטען פון דער מענשליכער געשיכטע? פון וואנעט האט זיך גענומען דער ערשטער קיבוץ? נאך דעם פראסטען שכל קען מען מיינען, אז די ערשטע חברה האט זיך גענומען פון דער פאמיליע, פון עלטערן און זייערע קינדער; די קינדער האבען געהאט נאך קינדער, און אזוי ווייטער, ביז וואנעט עס האט זיך ענטוויקעלט א געוויסער קיבוץ. לויט דיזעם געדאנק קומט אויס, אז אלע מענשען פון דער ערשטער גרופע זענען געווען קרובים. אין דעם דאזיגען טעות איז אריין געפאלען אפילו דער גרויסער אמעריקאנישער נאטורפארשער מ א ר ג א ן. מארגאן האט זעהר גוט אויס-

# פעליעטאן.

## ווער ווייסט?

אראמאן אין צוויי טהייל

פון

שלום-עליכם.

(פארטזעטצונג.)

XV.

### דער לעהרער און זיינע תלמידים.

וואס פאר א כח ליגט פארבארגען אינ'ם מענשענס געפיהל, וואס זאגט אונז אונטער אפטמאל וועמען מיר זאלען האבען ליעב, און וועמען מיר זאלען פיינט האבען, נאך איידער מיר קענען יענעם נאך איידער מיר ווייסען ו ע ר ער איז און ו א ס ער איז? פון דער ערשטער מינוט אן, וואס אונזערע חברה-לייט האבען דערזעהען פאר זיך דעם נייעם פארשוין, דעם לעהרערס בן יחיד ארקאדי זיסערמאן, האבען אלע דריי, ווי צונויפגערעדט זיך, איהם פיינט געקריגען, נישט צו וויסען פאר וואס און פאר ווען. אפשר דערפאר ווייל ער איז געוועזען א שיין בחוריל, א בן יחידל, א ציטעריגער ביי דער מאמע און איין אפגעפוצטער ביי זיך, א פנימ'ל האט ער געהאט א ווייסינקס, בעקלעך רויטינקע, הערעלעך צוגעגלעטע, אויגעלעך פייכטינקע, הענטלעך קאלטינקע, פינגערלעך דינינקע, און א קוויטשעדיג קול'כל? און אפשר דערפאר, וואס ער האט געהייסען ארקאדי? און חאטש ארקאדי איז געווען מיט זיי אין איינע יאהרען און מיט זיי אינאיינעם געלערנט, אינאיינעם געגעסען, פון דעסטוועגען האט ער זיך געהאלטען מיט זיי ווי איין עלטערער, פון דערווייטענס. אנקוקען האבען זיי איהם נישט געקאנט פאר זיין געהן אויסגעצויגען דאס העלזל, מיט גדלות, גלייך ווי א סטרונקעלי; זיי האבען איהם פיינט געהאט פאר זיין שטענדיג פארטראכט זיין, פאר זיין קיין מאל נישט לאכען, און נאך מעהר האבען זיי איהם פיינט געהאט פאר זיין גוט לערנען זיך, פאר זיין שרעקליכער התמדה, פאר זיין קאלטקייט און פאר זיין נישט נתפעל ווערען פון קיין זאך אויף דער וועלט.

„איך האב באגעגענט מענשלעך — זאגט דוד אין זיין טאגביכל — א זעלכע מענשלעך, וואס האבען קיין זאך נישט געזעהען און ווערען פון דעסטוועגען פון קיין זאך נישט נתפעל. איהר מעגט זיי באווייזען די גרעסטע חדושים אין דער וועלט, איז דאס ביי זיי נישט קיין נייעס; איהר מעגט זיי בעווייזען א קעלבל מיט דריי קעפ, איהר מעגט זיי באווייזען ווי א וואנט הויבט אן צו רעדען, איהר מעגט זיי באווייזען אין מיטען בייטאג די שיין פון דער זונן — וועלען זיי אייך שטעהן קאלטבלוטיג און קוקען און אפילו נישט קיין פינטעל טהון מיט קיין אויג. אז איך באגעגען זיך מיט אזא מענשל, גליסט זיך

געפארשט דאס לעבען פון פיעלע ווילדע שבטים און ער האט ענטדעקט זעהר איין אינטערעסאנט קרובים-סיסטעם. בכדי גוט צו פערשטעהען דאס דאזיגע סיסטעם, ווילען מיר נעהמען אלס א משל די שבטים וועלכע וואהנען אויפ'ן אינזעל האוואי. די האוואיער ווייסען נאר פון ברידער און שוועסטער, זיידע, באבע, עלטערן, קינדער און אייניקלעך. די נעמען: פעטער, מומע, פלעמעניק, פלעמעניצע, און שוועסטער-קינדער זענען דארטען ניט בעקאנט. די מדרגות פון קרובים, וועלכע זענען דארטען פארהאן, האבען אבער דארטען ניט דעם זעלבען פשט אזוי ווי ביי אונז. זיידע, באבע רופען די ווילדע ניט דווקא דעם פאטערס עלטערן און די מוטערס עלטערן, נאר אפילו די ברידער און שוועסטער פון זייער אמת'ע זיידעס און באבעס; עלטערן רופען זיי אפילו די ברידער און שוועסטער פון די עלטערן. לויט דיעזעם סיסטעם קומט אויס, אז אלע ברידער פון מיין טאטען זענען מיינע טאטעס און אלע שוועסטער פון מיין מאמען זענען מיינע מאמעס. מיינע ברידערס קינדער און מיינע שוועסטערס קינדער רופען זיך אויך מיינע קינדער, און זייערע קינדער אין די שפעטערדיגע דורות זייערע רופען זיך מיינע אייניקלעך. דאס וואס מיר רופען אן שוועסטער-קינדער רופען זיך ביי זיי ברידער און שוועסטער: די אור-אייניקלעך, למשל, פון מיין אורעלטערזיידענס ברידער זענען אויך מיינע ברידער און אזוי אהן א סוף.

די סבה, פאר וואס אלע ברידער פון פאטער האבען זיך אלע גערופען פאטער ליעגט דארינען, וואס צו יענער אורואלטען צייט איז געווען א מנהג, אז אלע ברידער פון איין צד פלעגען חתונה האבען מיט אלע שוועסטער פון דעם אנדערן צד. ווען עס זענען געווען 5 ברידער אין איינעם און אויך 5 שוועסטער אין איינעם, דאט זיך יעדער ברודער געקענט נעהמען יעדע שוועסטער, און אלע שוועסטער האבען זיך גערעכענט פאר ווייבער צו יעדען. און ממילא זענען די אלע ברידער געווען טאטעס פון די קינדער פון די אלע שוועסטער.

לויט דיעזער שיטה קומט אויס, אז די ענטוויקלונג פון פאמיליען-לעבען איז געגאנגען נאך אזא מין סדר: פריהער איז קיין שום איסור-עריות ניט געווען, נאך דעם איז געווארען פערבאטען חתונות נאר צווישען עלטערן און קינדער; אבער ברידער אויף שוועסטער פלעגען מעגען חתונה האבען. דערפון האט זיך מיט דער צייט ענטוויקעלט פיעל-ווייבעריי. און ערשט אין די שפעטערע צייטען האבען זיך ענטוויקעלט די היינטיגע זווגים און פאמיליען, מיט זייער ריינעם און מאראלישען לעבען.

א. זאקס.

---

# די פרויען-וועלט.

I.

## ארגעמיינע נייעס.

(**פרויען אלס אבגעארדענטע אין אמעריקא**). אין אמעריקא איז מיט איניגע וואכען צוריק פרוי אליצע רובל אויסגעקליבען געווארען אלס אבגעארדענטע פון דער דעמאקראטישער פארטיי אין קאלאראדא. פרוי רובל לעבט שוין זייט 30 יאהר אין דער שטאדט און איז זעהר געאכט און געשעצט פון אלע איינוואהנער פאר איהר פיעל ארבייטען און ווירקען פאר די ארבייטער. פאר די וואהלען צום אבגעארדענטען-הויז האבען אלע פארטייען אויך פרויען געשטעלט אלס קאנדידאטען. פרוי א. בראנדט איז אלס קאנדידאטין פון דער רעפובליקאנישען פארטיי אין קאלאראדא געוועהלט געווארען.

(**די מוטער האט דעם אייגענעם רעכט ווי דער פאטער**). אין די פעראייניגטע שטאאטען פון אמעריקא איז אנגענומען געווארען א געזעץ, אז מוטערס האבען דאס אייגענע רעכט אויף קינדער ווי פאטערס.

(**פרויען אנשטאט מענער**). די הויפטפערוואלטונג פון

---

מיר בשעת מעשה איהם אריינזעצען א נאדעל טיף — טיף אין לייב אריין, ער זאל פיהלען...»

חברה יונגווארג האבען זיך פון דעם ערשטען טאג אן צעטהיילט אויף צוויי כתות: דוד מיט זיינע צוויי חברים בעזונדער און ארקאדי בעזונדער, און איטליכער פון זיי האט זיך געפלייסט איינם דאס אנדערע אריבעריאגען אינ'ם לערנען — און דער לעהרער זיסערמאן האט דערווייל דערפון געקליבען נחת. זיסערמאן איז געווען אזא לעהרער, וואס האט גענומען זיינע תלמידים נאר מיט גוטע רייד; קיין באשטראפען איז ביי איהם נישט געווען, און פון שלאגען שמועסט מען ניט; יעדער לעקציע וואס ער האט זיי געגעבען, יעדער שעה וואס ער איז מיט זיי געזעסען, איז געווען פאר דוד'ן א יום-טוב, ווארום ער האט קיין מאל ניט געזעהען אזא באנעהמונג און איז גאר ניט געוואהנט געווארען צו אזעלכע געננ. דוד איז געוואהנט געווען ביי רב שעפסיל בעל-תנ"ך און ביי אנדערע מלמדים און לעהרערס אין מאזעפעווקע צו קלעפ, צו פעטש, צו געשרייען און צו טוידטע קללות; און חאטש אפילו איהם אליין האט מען ניט געפאטשט, מע האט אויף איהם געלייגט כבוד, ווייל ער איז „דעם נגיד'ס א יונגעל", נאר דאס גופא, דאס חנפה'נען איהם פון איטליכען בעזונדער מיט'ן נאכגעבען, איז איהם געווען נמאס ווי דער טוידט. דוד האט זיך פשוט מחיה געווען דא, אין דעם נייעם ארט, צווישען נייע מענשען, וואו ער האט זיך געפיהלט פריי, מיט איטליכען גלייך. אפילו צווישען דעם לעהרער מיט זיינע תלמידים איז אויך נישט געווען כמעט קיין שום אונטערשיעד. זיסערמאן האט זיך געהאלטען מיט זיינע תלמידים נישט ווי א לעהרער, נאר ווי א גלייכען, ווי א חבר; ארומגעלאזט זיך אפט מאל צו זיי אין זייער קליין קינדערש וועלטל, אריינגעמישט זיך אין זייערע קינדערשע מחלוקת'ן, גענומען א טהייל אין זייערע שפיעלעכצען, מיט זיי אינאיינעם געגאנגען שפאצירען, זיך באדען אין ים, זיך שיפען אויפ'ן וואסער, מיט איינעם ווארט, געווען מיט זיי, ווי מע זאגט, „פאני-בראט"... נאר אז ס'איז געקומען צום לערנען איז דער לעהרער מיט אמאל אויסגעוואקסען ביי זיינע תלמידים מיט א קאפ העכער; זיי האבען נישט געוואוסט פאר וואס, נאר זיי האבען בשעת מעשה בעקומען גרויס דרך-ארץ פאר איהם, פאר זיין גרויסער ליסינע מיט די גלאנצענדיגע ברילען, און געשלונגען איטליכעס ווארט זיינס. ליעב געהאט הערען ווי ער רעדט, ווארום זיסערמאן האט געהאט א צחות הלשון, זעהר א לעבעדיגע, א ליעבע שפראך, און איז געווען א בריה אריינצובלאזען א מאדנע לעבעדיגקייט אין יעדער טוידטע זאך. נאר די בעסטע לעקציע פון אלע איז פאר דוד'ן געווען די „יודישע" לעקציע, דאס הייסט די שעה וואס זיסערמאן האט געלערנט מיט זיי יודיש, די יודישע היסטאריע.

„איך האב פון תמיד אן ליעב געהאט די געשיכטע פון מיין פאלק, די יודישע היסטאריע, — אזוי זאגט דוד אין זיין טאג-ביכעל — איך געדענק נאך פון קינדערווייז, אז איך האב נאר וואס אנגעהויבען

שפארקאסען אין פעטערסבורג האט בעשלאסען צו זעצען ביי דער קאנטראלע פרויען אנשטאט מענער.

(גלייכע רעכטען). אין ווייסאר האט מען בעשלאסען, אז פרויען זאלען האבען דאס גלייכע רעכט צו ווערען לעהרערינען אין די קונסט־שולען אזוי גוט ווי מענער.

(א קליידער אויסשטעלונג). אין ברי סעל איז אצינד איין אויסשטעלונג פון פרויען־רעפארם־קליידער אין זעהר א גרויסע צאהל.

(א פרעמיע). פרוי מערי וורייט אין שפרינגפעלד (אמעריקא) האט פון די דארטיגע גאז־געזעלשאפט בעקומען א פרעמיע פון 200 פונט פאר איהר ווערק „די מעלות פון גאז־ליכט“.

(די נאבעלשע פרעמיע). נאבעל איז געוועזען א מיליאנער. זיין הויפט־געשעפט איז געוועזען נאפט. ער איז געוועזען א גרויסער פריינד פון קונסט און וויסענשאפט. ער האט איבערגעלאזט זעהר פיעל געלד אויף פרעמיעס פאר די וואס צייכענען זיך אויס אין איינע פון די ליטעראַרישע, וויסענשאפטליכע און קינסטליכע ווערק. היינטיגעס יאהר ווערען צעטהיילט 170000 מארק אויף פערשיעדענע פרעמיען. פאר די ליטעראַרישע ווערק וועט בעקומען, צווישען אנדערע, אויך א פרוי בערטהא זוטנער א פרעמיע, וועלכע איז בערי־המט מיט איהר ווערק „אויס מלחמה“. וואס זי האט אין דייטש פערפאסט.

(די ערשטע ארצטינען פון מעדיצינישען פרויען־אינסטיטוט). היינטיגעס יאהר וועלען ענדיגען צום ערסטען מאל זייער דאקטאר־שטודיום די שילערינען פון דעם רוסישען מעדיצינישען פרויען־אינסטיטוט. עס האבען געענדיגט אין אינסטיטוט 113 פערזאנען; דאס רוב פון זיי זענען איינגעלאדען געווארען אין די „זעמסטוועס“ און אנדערע אנשטאלטען.

(פרויען אין אפטייקען). דער דעפארטאמענט פאר מעדיצין האט אויסגעארבייט געזעצע וועגען אריינגעמען פרויען אלס אפ־טייקער־שילערינען: 1) מען נעמט נאר צו פרויען, וועלכע ברענגען א דיפלאם, אז זיי האבען געענדיגט איין אינסטיטוט אדער א פרויען־גימנאזיום, און אויך א דיפלאם, אז זיי פערשטעהען לאטיין אזוי פיעל וויפיעל מען לערענט אין 4 קלאסען גימנאזיום פאר קנאבען. 2) פרויען וואס האבען נישט קיין דיפלאם, אז זיי האבען געענדיגט א גימנאזיום אדער איין אינסטיטוט, אז זיי ווילען אריינקומען אין איין אפטייק מוזען ברענגען א דיפלאם, אז זיי קענען די וויסענשאפטען, וואס מען לערנט אין 4 קלאסען גימנאזיום אהן גריכישע שפראך, אדער א דיפלאם פון א הויז־לעהרערין. 3) מען מוז דורכאויס קענען לאטיין. די וואס האבען געענדיגט איין אינסטיטוט אדער א גימנאזיום קען מען פערקירצען די צייט פון לערנען זיך אין אפטייק פון דריי ביז צוויי יאהר.

---

II.

## יודישע נייעס.

(יודישע מיידלעך לערנען זיך אין א קאטוילישען מאנאסטיר). ווי די פראנקפורטער צייטונג שרייבט, לערנען זיך אין פרעטאריע, א שטאדט אין טראנסוואל, א סך יודישע מיידלעך אין א קאטוילישען מאנאסטיר אלגעמיינע וויסענשאפט. די יודישע מיידלעך געפונען זיך אין דעם מאנאסטיר אין אזא גרויסע צאהל, אז מען האט געמוזט שליסען די שולע בשעת די יודישע ימים טובים. פאר די מיידלעך פון אנדערע שטעדט איז איינגעארדענט א כשר'ע קיך.

(די ערשטע שבת־שולע פאר פרויען). אין אדעסא וועט זיך היינטיגעס יאהר עפנען די ערשטע שבת־שולע פאר אונגעבילדעטע פרויען. 200 פרויען האבען זיך געמעלדעט אריינצוקומען אין די דא־זיגע שולע אין דעם עלטער פון 12 ביז 36 יאהר, פון וועלכע מען האט נאר געקענט אנעמען 145. די מנהיגים פון דער שולע זע־הענדיג, אז עס געפונען זיך אזא גרויסע צאהל, וואס ווילען זיך לער־נען, האבען זיך געווענדעט מיט א בקשה צו די וועלכע פערשטעהען צו בעלעהרען און ווילען העלפען די דאזיגע פרויען, וואס ווילען זיך בילדען, זיי זאלען מיט זייערע וויסענשאפט די ארמע פרויען צו הילף קומען. די אדמיניסטראציאן פון די שולע האט זיך געווענדעט מיט א בקשה צו דער חברה „מרבי השכלה“, זי זאל פערזארגען די שולע מיט ביכער, העפטען און אנדערע זאכען וואס זענען נייטיג צום לער־נען און שרייבען.

(וואהנרעכט פאר פרויען). דער סענאט האט ערקלערט,

---

צו לערנען חומש, האב איך שוין געטראגען צרות און געהאט נחת, פריידען און ליידען פאר איטליכען בעזונדער. געטראגען יסורים פאר אדם מיט חוה'ן, וואס מע האט זיי פארטריבען פון גן־עדן איבער אזא נארישקייט, איבער איין עפעל... געוויינט אויף קין'ן, וואס האט פארגאסען בלוט אומזיסט אומנישט... געפרייט זיך אינאיינעם מיט לוט'ן, וואס איז אנטלאפען קוים מיט'ן לעבען פון סדום און דער־לעבט א נקמה אין לוט'ס ווייב, וואס ס'איז געווארען פון איהר א שטיק זאלץ — א מצוה לאז א יודינע זיך ניט ארומקוקען, אז מע זאגט איהר קוק ניט!... געקלאפט האט מיר דאס הארץ בשעת אברהם האט געפיהרט יצחק'ן צו דער עקדה, מורא געהאט, טאמער חלילה מאכט ער איהם חיק!... משונה הנאה געהאט, וואס דער אויבערשטער האט צוגעשיקט זיין קנעכט אליעזר'ן אזא פיינע כלה פאר זיין האר... געווען פלאם פייער אויף לבן ארמי, וואס ער האט געדרעהט מיט יעקב'ן, געמאכט מיט איהם זומער און ווינטער און געוועזען להרוג ולאבד אויף עשו'ן... און וויפיעל טרעהרען האב איך פארגאסען אויף מכירת יוסף! און וואס פאר א שמחה איז ביי מיר געוועזען בשעת יוסף האט זיך געלאזט דערקענען צו זיינע ברידער! און די צרות וואס איך האב געהאט אינאיינעם מיט די יודישע קינדער, וואס מע האט זיי נעבאך געפייניגט אין מצרים. און די נקמה וואס איך האב נאכדעם דערלעבט אין פרעה'ן! און ווי וועה האט מיר געטהון דאס הארץ אויף משה רבינו'ס טוידט! וויפיעל וואלט איך אוועק־געגעבען דערפאר, אז ער זאל כאטש געווען זיין איין טאג אינ'ם לאנד כנען!... דאס איז געוועזען בשעת חומש לערנען. און אז איך בין אריבערגעגאנגען ווייטער, אין דער יודישער היסטאריע, דאס הייסט אז איך האב אנגעהויבען לערנען פסוק, זענען מיי'נע יסורים געווארען נאך גרעסער. די שטענדיגע מלחמות, וואס יודען האבען געפיהרט צווישען זיך, דאס שטענדיגע בלוט פארגיסען, איינער דעם אנדערען געהרג'עט, געקוילעט, געשטאכען, געשניטען, האט מיך גע־קאסט געזונד! דאס וואס שאול המלך האט זיך אליין געשטאכען, אדער דאס וואס אבשלום האט ביי מיר צוגענומען מיט זיין הייננגען פאר די האר אויף א צווייג פון א בוים, וועט מיר ניט צוקומען אין קיין צעהן יאהר אפילו!... שפעטער, פונ'ם חורבן בית המקדש שמועסט מען ניט, אז איך האב געוויינט אויף ביידע אויגען! ווייל איך וועל לעבען וועל איך ניט פארגעסען די אגדתא „אמר רבי יוחנן“, וואס יענקיל האדאראווער, מיין גמרא מלמד, א יוד מיט א גרויסער נאז און מיט א קליין בערדעלי, פלעגט אלע יאהר ערב תשעה באב פאר אונז לייענען מיט א משונה מאדנעם נוסח. ער פלעגט אנזאטלען די נאז מיט א פאר קיילעכיגע גלעזלעך, פאנאנדערשאקלען זיך און אנ־הויבען אויף א קול: „אמר רבי יוחנן!!!“ און האט אונז דערצעהלט די שרעקליכע מעשיות, די גרויסע טראגעדיע, די טרויעריגע געשיכטע, ווי אזוי יודען האבען א לאנגע צייט געהונגערט, געגעסען איינגענע קינדער, געטהיילט זיך מיט זייער פלייש ווי מיט לעקאך... און

אז יודישע פרויען, וועלכע האבען בעקומען אייגענע רעכטען צו וואה־נען אין גאנץ רוסלאנד, האבען די דאזיגע רעכטען אויך נאך דער חתונה, הגם דער מאן מיט וועלכען זיי האבען חתונה געהאט האט נישט דאס רעכט צו וואהנען אין גאנץ רוסלאנד, און אז דער מאן ערלויבט קענען זיי וואהנען אויך אין די ערטער וואו יודען טארען נישט וואהנען. ווען דער מאן שטארבט אדער ער גט זיך מיט איהר האבען די פרויען זייערע רעכטען צו וואהנען אומעטום ווי פארדעם. די יודישע פרויען, וועלכע בענוצען זיך מיט דעם וואהנרעכט פון זייערע עלטערן, פערלירען זייער רעכט, ווען זיי האבען חתונה מיט אזא יודען, וואס האט נישט קיין וואהנרעכט.

(א שוק פאר פרויען). דער קאמיטעט, וואס האט זיך גע־גרינדעט אין פעטערסבורג צו שיצען יודישע פרויען, האט נישט לאנג צו געגרייט בילינע וואהנונגען פאר יודישע מיידלעך. די וואהנונגען וועלען קאסטען פון 3 ביז 5 רובל א חדש.

---

## פאר דער לויה.

(א בילד).

דער יודישער מיליאנער מאקסימיליאן זילבערשטראהל שטעהט אין קאנטאר מיט איין פוס אויף א שטוהל, אויפ'ן פוס האלט ער אנ־געשפארט איין האנד צוזאמענגעלעגט אין א פויסט, מיט וועלכע ער האלט אונטער די געגאלטע מארדע, און פון ביידע זייטען האנד ציהט זיך א בארד פונאנדער געטהיילט אין צוויי לאנגע שפיצען און מיט זילבער פעדים דורכגעוועבט, אין דער צווייטער האנד האלט ער איין עקסטרא-ביילאגע צום „קוריער" און דורך דער גאלדענער פאנסנע, וואס האלט זיך קוים אויף זיין דינע שפיציגע נאז לייענט ער:

„פאמיליע זילבערשטראהל האט די עהרע איינצולאדען אלע איהרע בעקאנטע און פערוואנדטע, וועלכע נעהמען איין אנטהייל אין איהר צער, צו דער לויה פון זייער זעכס יעהריגער טאכטער, וואס איז נאך פיעל ליידען רוהיג איינגעשלאפען. די לויה וועט זיין פונקט פיער דעם זייגער".

אויף דעם גביר'ס פנים צעלייגט זיך א צופריעדענער שמייכעל, קענטיג, אז ער איז צופריעדען, וואס די רעדאקציע האט צו־געגרייט די עקסטרא-ביילאגע צו דער צייט.

א בעדיענטער קומט אריין און דערלאנגט דעם גביר א קוויטעל פון דער יודישער גמינע און דער גביר לייענט: „די יודישע גמינע ערלויבט מקבר צו זיין דאס זעכס יעהריגע קינד רוזשע זילבערשטראהל אין דעם נומער 795". ער זוכט דעם האקען, אויף וועלכען ער איז גע־וואהנט אויף צו הייגען אלע קוויטונגען און ווערד בייז, וואס ער גע־פינט איהם נישט. ער האט, אפנים, פערגעסען, אז ער איז נישט אין קאבענעט.

דער בוכהאלטער קומט אריין אויף די שפיץ-פינגער מיט דער בייטאגיגער פאסט פונאנדערגעלייגט צווישען די פינגער: צייטונגען בעזונדער, בעשטעלונגען בעזונדער, וועכסעל און פראטעסטען בע־זונדער, ער האט אבער נישט קיין הארץ צו דערלאנגען דעם גביר אין אזא טרויעריגער צייט, די געשעפט-בריעף.

דער גביר ווינקט איהם צו און דער בוכהאלטער דערלאנגט איהם די נייטיגסטע בריעף, ער נעהמט זיי צו, לעזט זיי געשווינד דורך, טהוט אקוק אויף דעם זייגער און זאגט:

— באלד צוועלף א זייגער, פערגעס אקארשט נישט צו דעקען די פעליגע וועכסלען.

---

אין קינדער-צימער ליגט אויף א קאטאפאלק" דאס געשטארבענע קינד ארומגעלייגט מיט בלומען, ארום איהר ברענען ליכט אין שוואר־צען איינגעהילט, און נעבען איהר זיצט די נאניע, די אלטע אסתר, און וויינט מיט שטילע, דערשטיקטע טרעהרען; זי האט מורא צו צו וויינען אויפ'ן קול, זי זאל נישט אויפוועקען איהר מאדאם, וואס איז שטארק נערוויאיש און וואס איז פער דעפעש צוריקגעקומען פון רייכהערץ-באד, בשעת דאס קינד האט שוין געגוס'עט און אז זי

---

נאכדעם, אז עס האט אויסגעבראכען די מלחמה האט זיך געגאסען יודיש בלוט ווי וואסער, געפלאסען ווי טייכען אין אלע גאסען, מע האט אויפגעשניטען די בייכער ביי מעוברת'ע מוטערס, געטוידט קליינע פיצלעך קינדער אהן א שום רחמנות, אריין אין בית המקדש, מטמא געווען אלע כלים, צוגענומען דאס גאלד מיט'ן זילבער מיט'ן קופער, און א העליש פייער האט ארויסגעזעצט פון קדשי־קדשים, א שווארצער געדעכטער רויך האט פארדעקט דעם הימעל פון ירושלים, און ברענענדיגע האלאוועשקעס זענען געפלויגען אין קאפ אריין!... און בשעת מעשה שטעלט זיך מיר פאר, אז איך זעה דאס פייער, אז איך פיהל דעם ריח, דעם טשאד פון די האלאוועשקעס, איך זעה ווי עס לויפען פארטומעלט יודען און ווייבער אהין און אהער, בחורים און מיידלעך, חתנים און כלות רייסען זיך די האר פונ'ם קאפ, איך הער א געשריי, מורא'דיגע קולות: „גוואלד, גיואלד, יודישע קינדער, ראטעוועט, דאס בית המקדש ברענט!" — און עס נעמט מיך אן ביים הארצען, און איך דערזעה ביים רבי'ן רב יענקיל זענען רויטליך די אויגען. און איך הער דאס קול איז ביי איהם מאדנע אנגעבראכען, מיט א ציטער, נאר איך מאך זיך ווי איך זעה ניט, ווי איך הער ניט און ווי איך וויים ניט, און שלינג—שלינג די טרעהרען, הייסע געזאלצענע טרעהרען...

„דאס אייגענע - זאגט ווייטער דוד אין זיין טאג־ביכעל — איז גע־ווען מיט מיר אויך ביים לעהרער זיסערמאן בשעת ער איז מיט אונז דורכגעגאנגען די יודישע היסטאריע פון נאכ'ן חורבן בית שני ביז היינ־טיגער צייט. די זעלבע גרויסע טראגעדיע, די זעלבע טרויעריגע גע־שיכטע ווי אזוי עס האט זיך געגאסען יודיש בלוט ווי וואסער, גע־פלאסען ווי טייכען אין אלע גאסען ... דער חילוק איז נאר געווען דאס, וואס רב יענקיל חאדאראווער האט געוויינט אויפ'ן בית המקדש, וואס איז חרוב געווארען און אויף דער שכינה, וואס זי איז אין גלות — און יוצא; און זיסערמאן דער לעהרער האט זיך אפגעשטעלט מיט גרוים גדלות אויף די יודישע גבורים און אונז אריינגעגעבען א גרויסע האפנונג אויף לעתיד לבא, אויף אמאל... ער האט זיך געפלייסט מיט אלע כחות איינפלאנצען אין אונזערע הערצער א ווארעם ליבשאפט צו אלע מענשען און צו אלע פעלקער און איבערהויפט צו אונזער יודישע אומה, צו אונזער יודישע היסטאריע, צו אונזער יודישע שפראך, צו אונזער יודיש לאנד ארץ ישראל..."

פון די דאזיגע ווערטער איז צו פערשטעהן, אז אונזער יונגער העלד דוד האט זיך באצייטענס אריינגעהאפט אין רעכטע העגד אריין און ער האט געהאט ביד ארוים פון דארטען א לייט, עס זאל זיין א נחת פאר זיינע פאטער און מוטער, א שיינדעל, פאר דער שטאדט מאזעפעווקע און א ציהרונג פאר'ן פאלק, ווארום אויסערדעם האט ער געהאט זעהר גוטע פעהיגקייטען, נישט קיין שלעכטע מדות און זעהר א וואהל הארץ, א ווייך יודיש הארץ.

(פארטזעטצונג קומט.)

איז געקומען, האט זי זי שוין געפונען טוידט, זי האט זיך אצינד א ביסעל צוגעלייגט אויף דער קושעטקע.

דריי וואכען איז דאס קינד קראנק געוועזען און די גאנצע דריי וואכען האט אסתר קיין אויג נישט צוגעטהון, זי האט קיין אנדערען נישט געלאזט איינגעבען דעם קינד די רפואות, זי אליין האט דאס געמוזט טהון.

מיט פינף און צוואנציג יאהר צוריק, אז עס זענען איהר אין צוויי חדשים געשטארבען דער מאן און דאס ערשטע קינד, א מיידעלע, וועלכע האט נאך קיין נאמען נישט געהאט, האט אסתר שוין נישט מעהר געקלערט פון חתונה האבען, זי וועט קיין אנדער מאן נישט קענען אזוי ליעבען ווי איהר מאירל'ן און האט זיך געשטעלט אלס אם ביי די זילבערשטראהלס און היינט, אז זי איז שוין אלט, איז זי ביי זיי א נאניע.

פינף און צוואנציג יאהר איז שוין אסתר ביי די זילבערשטראהלס. זי האט געצויגען דעם עלטסטען זוהן סטאשו און דעם צווייטען זוהן בראניושו און רוזשיצקעי דאס קלענסטע קינד, האט זי שטענדיג אויף די הענד געטראגען. די גרויסע האבען איהר שוין אין גאנצען פערגעסען; נישט לאנג נאך, מיט א יאהר צוויי צוריק האבען זיי נאך חאטש חוזק גע-מאכט פון איהר, היינט טהוען זיי דאס אויך נישט, היינט איז זי זיי אין גאנצען איבריג. זי שעמט זיך דריבער היינט זיי ארויס צו ווייזען איהר טרייאשאפט, איהר איבערגעבענהייט, היינט זענען זיי ווילד פרעמד צו איהר.

שולדיג אין דעם, קומט איהר אויס, איז נאר די נייע קעכין, וועלכע מען האט פאר א יאהרען צוגענומען, וואס ווייסט קיין אנדער ארבייט נישט, ווי נאר שטעהן גאנצע טעג אין שפיעגעל און זיך גלעטען די האהר; זי ווערד אנגעצינדען, אז זי לויפט איהר פאר און דער-לאנגט סטאשען מיט בראניושען די ארבעל ביין אנטהון זיך דעם פאלטא צו גיהן אין קלאס. דאס שטיקעל נחמה רייסט זי איהר אויך אוועק די חצופה; נאך גוט, טרייסט זי זיך שטענדיג, וואס די נייע קעכין האט ליעב לאנג צו שלאפען, און זי קען זיי חאטש בעדיענען אבפוצען די קאמאשען און זיי אריינטראגען אין זייער צימ-מער בשעת זיי שלאפען נאך. בראניוש, דאכט זיך איהר שטענדיג אב, שלאפט אומרוהיג, זי געפינט יעדעס מאל די דעקע צוזאמענגעקנייטשט און אראב געבריקט, איין פוס הענגט ארויס פון בעט און די קאפ פערוואָרפען אן א זייט; איהר ווילט זיך איהם צורעכט מאכען דאס געלעגער, זי האט אבער מורא ער זאל זיך נישט אויפוועקען און שטעהט אזוי לאנג און קוקט מיט א הארץ פול ליעבע און רחמנות אויף זיי, ביז זי בעמערקט א לייכטע בעוועגונג, איהר דאכט זיך, אז זיי וועקען זיך און זי ווערד פערשוואונדען דורך די האלב אפענגע-לאזענע טהיר.

פון די גרויסע קינדער האט זי קיין נחת נישט, נאר איין רוז-שיצקע, טרייסט זי זיך, וועט איהר איהרע אלטע יאהרען פערזיסען (אז איהר מיידעלע וואלט געלעבט, וואלט זי איהר אויך א נאמען גע-געבען רוזשיצקע, נאך איהר מומע רחל, טראכט זי זיך שטענדיג, רוזשיצקע איז א שענער נאמען), זי וועט איהר שוין נישט אוועקוואר-פען אזוי ווי די זיהן, א מיידעל איז בטבע טרייער. דאס געלד, וואס מען גיט איהר אויף א דראזשקע צו פאהרען מיט דעם קינד שפאציע-רען אין גארטען, זאמעלט זי צו קויפען פאר איהר א מתנה צום געבורטסטאג, זי טראגט איהר ליעבערשט אויף די הענד; זיצענדיג אין דראזשקע, דוכט זיך איהר, וועט זי איהר נישט קענען אזוי צודריקען צום הארצען, אויסקישען אלע גליעדער, ווי טראגענדיג.

איהר פאנטאזיע שטעלט איהר פאר א גליקליך לעבען און אלץ דורך איהר איין איינציג טעכטעריל, דורך די ליעבע גאלדענע רוז-שיצקע.

אצונד איז דאס קינד געשטארבען, איהר לעצטע פונק האפנונג איז פערלאשען, אצונד האט זי נישט פאר וועמען צו לעבען, זי האט אויף דער גאנצער וועלט קיין איינציגען, וועמען זי זאל קענען ארויס-ווייזען איהר ליעבע, מיט וועלכע איהר הארץ איז שטענדיג פול, אצונד איז זי עלענד ווי א שטיין.

זי נעהמט ארויס דאס קליינע תהלימ'ל, אין וועלכען איהר מאיר'ל עליו-השלום האט אלע מאל תהלים געזאגט און וואס זי האלט פאר א הייליג אנדענקען, זי וויל תהלים זאגען פאר דעם קינדס נשמה. א שלייער איז איהר אבער פאר די אויגען פארצויגען, די אותיות טאנצען פאר איהר.

זי הערט אויף וויינען, זי ווישט מיט א ברעג פארטוך זיך אויס די טרעהרען, וואס זענען געבליעבען הענגען צווישען די ברעמען, זי וויל זיך דערמאנען, ווי דאס קינד האט אויסגעזעהען בשעת זי פלעגט איהר ביין מילך טרינקען אנקוקען מיט אזים שמייכעלע, איהר ארומ-קלאמערען איהר קליין רונד הענדטל ארום האלז און זי פלעגט איהר קושען דאס גריבעלע, וואס פלעגט זיך ביין עלעבויגען מאכען, ביים אויסשטרעקען, זי קען זיך אבער נישט דערמאנען.

---

דרויסען שטעהט א גרויסער עולם. עס שטעהט שוין גרייט דער שווארצער וואגען מיט די שווארץ איינגעהילטע פערד, אויף דעם וואגען שטעהט דער קליינער שווארצער ארון, פון הונטען ציהט זיך א לאנגע שורה שווארצע קארעטען, אינעוועניג זיצען דעם גביר'ס קרובים, בעקאנטע און וואס שטעהען מיט איהם אין פערבינדונג אין געשעפט.

עס קומט אן איינער אנגעטהון אין א ברייטען שווארצען מאנ-טעל, אויף דעם קאפ א קאפעליוש מיט א גאנץ ברייטען ראנד, ער שפערט זיך מיט עזות דורך דעם ענגען עולם דורך, ער ווארפט זיינע קליינע פערלאפענע, מיט בראדעוועקעס בעדעקטע אויגען אויף אלע זייטען, אלע טרעטען איהם אב די וועג, אלע דערהעגען, אז דאס איז דער אויבער שמש,

---

די מאדאם הויבט זיך אויף פון דער קושעטקע, זי איז שוואך, מיעד און נישט אויסגעשלאפען, זי פערהאלט ביים מויל מיט דער אויסגעצעהרטער האנד דאס געגעצען, וואס רייסט זיך איהר פון מויל ארויס, און דערשלעפט קוים די הילצערנע, אויסגעטאנצטע פיס ביז צום קינד.

דערזעהענדיג די מאדאם ברעכט די נאניע פון דאס ניי אויס אין א געוויין אונ שוין אויפ'ן קול, אונ רייסט זיך די שיטערע גראהע האהר פון קאפ.

אין שטוב קומט אריין דער אויבער שמש.

דערזעהענדיג דעם אויבער-שמש איז די נאניע א צעציטערטע געוואָרען אונ שפרינגט פון אָרט, נאָר אז ער האט די הענד אויסגע-שטרעקט צו נעהמען דאס קינד, איז זי צו אידם צו געשפרונגען אונ איהם נישט געוואלט לאזען, נאר באלד האט זי זיך צוריק געצויגען אונ אנגעהויבען שרייען:

— מיין קינד, מיין איינציג קינד, מיין גאלדען קינד!!

די פערשלאפענע מוטער קוקט בייז אויף די נאניע, זי איז איהר אמת מקנא — „מיין קינד איז עס" — טראכט זי זיך — „אונ איך קען קיין טרעהר נאך איהר נישט לאזען, קיין זיפץ, קיין קרעכץ נישט געבען, אונ זי, די נאניע, מבול'ט מיט טרעהרען".

— דערלאנג מיר די רעטאנדע — זאגט זי מיט פערביסענע ליפען.

די נאניע גלאצט אויס אפאר אויגען אויף איהר מאדאם, דער-שטיקט וואלט זי איהר — „דאס איז א מאמע, דאס איז א שטיינערנע הארץ!" קריצט זי מיט די ציינער, געהט צו צום קליידער-שראנק, שטעקט אריין די האנד אונ נעהמט ארויס וואס איהר קומט אין האנד אריין, אונ דערלאנגט איהר א העלע רעטאנדע.

— בהמה! שרייט די מאדאם אויף דער נאניע, — נאך ווייסט דו נישט, אז צו א לויה קליידט מען זיך שווארץ!

דער גביר קומט ארויס, נעהמט די מאדאם אונטער דעם אָרם אונ ביידע געהען נאך דעם אָרון.

ישראל שאת.

---

# פאר די בעל-הבית'טעס.

## ווי דארף די קיך איינגעאָרדענט זיין?

לעזענדיג דעם טיטול, וועט איהר אוודאי לאכען:

— א קיך איינצואָרדנען? זאל מען נאר האבען וואס אונ וויסען ווי צו קאכען! וואו אונ אין וואס מען קאכט — אויך א דאגה! אבי עס איז געקאכט אונ געשמאק!...

איהר האט אבער אגרויסען טעות. מיר זעהן, אז שעכט-הייזער, יאטקעס, בעקערייען, קראמען פון עסענווארג, א. ד. ג. געפינען זיך אונ-טער דער השגחה פון דער אניטאר-פאליציי. נו, איז דאך א פשוט'ער קל וחומר: מה-דאך אין די ערטער, וואס גרייטען אלץ צו פאר דער קיך, מוז אלעס היגיעניש זיין איינגעאָרדענט, מכל-שכן נאך די קיך אליין, פון וועלכער די מאכלים קומען גלייך אין מויל אריין — מוז זי דאך אוודאי אונ אוודאי איינגעאָרדענט זיין געזונד אונ ריין.

אונ באמת איז נאר נישט צו בעשרייבען, וויפיעל מאגענקראנק-הייטען שטאמען פון דעם וואס אונזערע בעל-הבית'טעס געבען אויף אלץ דינג מעהר אכטונג ווי אויף די אָרדנונג פון דער קיך. מיר געבען דא אלזא א פארשריפט: ווי אגוטע אונ געזונדע קיך מוז געהאלטען ווערען.

די קיך ברויך צו זיין גרויס; קיין מאס פאר דעם קען מען נישט אויפגעבען, ווייל דאס ווענדט זיך אן דעם, פאר וויפיעל מענשען זי ברויך צו דיענען אונ וויפיעל עס ווערד אין איהר געקאכט. די פענסטער ברויכען זיין גרויס, כדי עס זאל גענוג ליכטיג זיין, מען זאל קענען גוט זעהען, וואס מען טהוט אונ ווי אלעס זעהט אויס; א טונקעלע קיך איז מעהר אונגעזונד ווי א טונקעלע שטוב, ווארום אז מען זעהט נישט גוט ביים קאכען, קען פון די מאכלים ווערען גיפט. אלס ביי-שפיעל קען דיענען דער פאקט, וואס איז יעדען גוט בעוואוסט, אז אויב די מראה פון א קופערנע פאן ווערד געענדערט, זענען די מאכלים, וואס ווערען אין איהר געקאכט פשוט סם. עס זענען פערהאנען נאך טויזענדער זאכען, וואס זייער מראה שפיעלט אין געזונדהייט זעהר א גרויסע ראלע. בעסער פון אלץ איז ווען די פענסטער פון דער קיך געהען ארויס אויף צפון-זייט, בכדי זומער זאל די היץ דארט נישט צו גרויס זיין אונ די מאכלים זאלען נישט גיך קאליע ווערען.

אונ דער עיקר פון קיך-היגיענע איז ריינהייט. די פאדלאגע, וועגד אונ באלקען מוזען אלע מאל זעהר ריין זיין. די כלים פון דער קיך מוזען גוט אויסגעריבען אונ געוואשען ווערען אינוועגדיג אונ אויסוועגדיג; וואשענדיג די כלים, זאל מען זיי נישט לאזען אויסטרוקענען, נאר זיי באלד גוט אויסווישען. וואשען די כלים ברויך מען באלד נאך דעם עסען, ווארום אויב מען לעגט אב דאס וואשען אויף שפעטער, קלויבען זיך אין זיי אן דערווייל פערשיעדענע זויערקייטען, וואס שאדען דער-נאך צום געזונד, אונ אז מען וואשט די כלים שפעט נאך דעם עסען נעהמט מען זיי נישט אין גאנצען ארויס.

די כלים פון דער קיך מוזען אלע מאל שטעהן אין שענקעלע, כדי עס זאל זיך אויף זיי נישט לעגען קיין שטויב. אין וועלכען עס געפינען זיך פיעל מיקראבען.

מען מוז אויך גוט אכטונג געבען, אז בשעת מען קאכט זאל מען אלע מאל האבען ריינע הענד. ריינע טעפ, טעלער, גאפעל, מעסער קען גאר נישט העלפען, קיין קראנקהייט נישט צו צולאזען, אויב די פרוי, וואס קאכט, האלט די הענד נישט ריין.

אין דער קיך ברויך מען נישט צו האלטען קיין ביינער, שאלעכץ, א. ד. ג.; אפילו געוועהנליכע עסענווארג איז בעסער נישט צו האלטען אין דער קיך, נאר אין אבעזונדער חדר. ווי ווייט עס איז מעגליך, ברויך מען קיין וועש נישט צו וואשען אין דער קיך. טרוקענען געוואשענע וועש אין קיך איז זעהר אונגעזונד.

בשעת דעם קאכען איז גוט, ווי ווייט מעגליך איז, דאס פענס-טער פון דער קיך צו האלטען אָפען. ווינטער זאל, כאטש בשעת פרעג-לען, דער לופטשיק אָפען זיין.

פנינה.

---

## פראגען אונ אנטוואָרטען.

**פראגע:** ווי זאל מען אויסראמען האלץ-ווערם פון מעבעל?

**אנטוואָרט:** מען שפריצט אריין אין די לעכער, וואו די האלץ-ווערם געפינען זיך, א ביסעל בענזין. דאפון ווערען פערטילגט סאי די ווערם סאי די אייערלעך פון די ווערם. מען מוז דאס איינשפריצען נאר ביי טאג, ווייל בענזין כאפט זיך זעהר לייכט אן פון פייער אונ אז מען זאל איינשפריצען ביי נאכט אונ האלטען דערביי א ליכט, קען דערפון נאך ווערען אגאנצע שרפה. אז עס הערט זיך שוין קיין שום ריח פון בענזין, קען מען צו דעם אָרט צו געהן מיט פייער. מען קען אויך אויסראטען האלץ-ווערם פון מעבעל מיט קעראסין אָדער טערפענטינעהל. בכדי אריינצושפריצען די דאזיגע מיטלען אין די לעכער, וואו די האלץ-ווערם געפינען זיך, גע-ברויכט מען א געוועהנליכע עהל-קענדעל, מיט וועלכע מען עהלט איין א ניי-מאשין.

**פראגע.** ווי זאל מען ריין מאכען פיש?

**אנטוואָרט:** דער בעסטע מיטעל ריין צומאכען פיש איז מען זאל עס פריהער האלטען איןווארעם וואסער.

# 1) „יודישע פאלקס־צייטונג“
## א וואכען־בלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען

# 2) „יודישע פרויען־וועלט“.
## א צייטונג פאר יודישע פרויען און פאמיליע.

אין דער קורצער צייט, וואס אונזערע צייטונגען ערשיינען האבען זיי זיך פארברייטערט צווישען פאלק מעהר ווי מיר האבען געקענט ערווארטען, דאס גיט אונז מיטעל און קראפט אויך ווייטער ניט צו שפארען קיין זאך, כדי די צייטונגען וואס מעהר צו פערבעסערען און פערשענערען, הן אין אינהאלט, הן אין אויסזעהען, און ניט העכערען דעם ביליגען פרייז.

מיר געפינען פאר איבריג דא ווידערהאלען וועגען דעם צוועק און אינהאלט פון אונזערע צייטונגען. די ביזהעריגע נומערען „יודישע פאלקס־צייטונג“ און „יודישע פרויען־וועלט“ קענען יעדען בעקאנט מאכען, ווי ווייט אונזערע צייטונגען דיענען געטריי אונזער פאלק און זיינע אינטערעסען.

אונזערע צייטונגען זענען די איינציגע יודישע פאלקס־בלעטער, וועלכע דרוקען זיך אין גאנצען מיט נקודות, אזוי אז אלע קלאסען יודען קענען זיי לייענען און גרינג פערשטעהן.

אלע שטענדיגע מיטארבייטער אין אונזערע צייטונגען זענען די בעסטע און בעוואוסטע יודישע פאלקס־שרייבער.

ביז יעצט האבען זיך אין אונזערע צייטונגען געדרוקט ארטיקלען, פון:

אמת; ש. אש; ד״ר מ. י. בערדיטשעווסקי; ר. א. ברוידעס; ש. בערמאן; ש. בעלענקי; מ. בארענשטיין; י. דינעזאהן; ד״ר ח. ד. הורוויץ; ד״ר ט. הינדעס; י. ווארטסמאן; י. וויינבערג; נ. טשערניאק; יכנה״ז; יוסף יפה; ד״ר י. ליאקומאוויטש; ליפמאן לעווין; י. ליעבערמאן; ד״ר י. מלבים; מ. ספעקטאר; עזריאל; ד. פרישמאן; ד. פינסקי; מ. פרייד; מ. קאפלאן; פ. קאנטאראוויטש; א. רייזען; י. שאר; י. שטיינבערג; שלום־עליכם, און נאך אנדערע.

פרויען מיטארבייטערינען אין „יודישע פרויענוועלט“: פנינה; שרה צוקערמאן; גיטעל ציפין־לעווין; אלישבע ראבינאוויטש; פועה ראקאוסקי און נאך אנדערע.

פרייז פארביידע צייטונגען, אויך די אדרעסע געפינט זיך אין יעדען נומער אין אבאנאמענטס־פרייז.

☛ אבאנירען אויף „יודישע פאלקס־צייטונג“ און „יודישע פרויענוועלט“ בעזונדער אדער צוזאמען קען מען נאר יעהרליך, האלב־יעהרליך און פיערטעל־יעהרליך.

## הוצאת „תושיה“

יצא לאור

# לוח „עולם קטן“ (לשנת תרס״ג)

## מאסף ספרותי ושמושי לבני הנעורים.

תכן:

### I לוח חדשי השנה עם ידיעות שמושיות ורשימות לזכרון.

1) משפחת הקיסר יר״ה; 2) מולדות ותקופות; 3) לוח חדשי השנה עם המועדות וכו׳ (עם ציורים מחיי הילדים בכל חדשי השנה); 4) חגי הפרבוסלוים; 5) חגי הקתולים; 6) ימי הגנוסיא; 7) הימים שהתלמידים היהודים פטורים מלמוד בבה״ס; 8) רשימת מקומות חשובים בכדור הארץ, רחבם מקו המשוה ושעות היום ברגע חצות היום בירושלים (עם ציור); 9) מדות האורך; 10) השתוות מדות האורך; 11) השתוות מדות הדרכים; 12) מדות השטח; 13) מדות המעוקב; 14) השתוות מדות הלה והיבש. 15) משקלים. 16) מטבעות; 17) לוח המספרים הנפרדים מן 1 עד 1000; 18) המרובעים והמעוקבים של מאת המספרים הראשונים; 19) לזכרון; 20) חגי משפחה וימים מצוינים אצל מכירי ומיודעי; 21) שעורי הלמוד; 22) שמות חברי בבית הספר; 23) הציונים; 24) חלוקת הזמן בבית בימי חחפש מלמודים בבית הספר; 25) רשימת הספרים אשר בבית העקד שלי; 26) הספרים אשר השאלתי לחברי לקרוא; 27) הספרים שקראתי; 28) רשימות וציונים ממה שקראתי; 29) רשימות הספרים שצריך לקרות; 30) מאורעות חשובים בתולדות עמנו.

### II חלק הספרות.

א) קבוצת המורים העברים בארץ ישראל. (לוח תמונות: י. טליר; ד. ילין; מ. קרישבסקי; מ. אפשתין; י. גרזובסקי; י. בלקינד; י. מיוחס; ד׳ יודילוביץ; ש. וילקימיץ; ח. ציפרין. ב) יונים (שיר) מאת יעקב כהן; ג) הלב בתוך התפוח (ספור לילדים) — י. צ. לוין; ד) המסמרות בקיר (מעשה) — תרגום יוסף קרני; ה) ערב קיץ (שיר) — יעקב פיכמאן; ו) הנמלה של טמרלן (מעשה) — תר׳ יוסף קרני; ז) אבן טובה (ספור) — י. ב. לבנר; ח) במרתף (שיר) — מ. קונופניצקא, תר׳ א. זבונקין; ט) הנשיקה (ציור) — א. י. שטינבערג. י) כרמן סילוה (עם תמונתה) — ל.; יא) ילדי הע:ק (אגדה) — כרמן סילוה, תר׳ ל.; יב) על שפת ים יפו (שיר) — ש. ל. גרדון; יג) השעונים (שיחה) — יהודה שטינברג; יד) באר הדם (אגדה)— ז. שניאור; טו) הנאהבים והנעמים (ספור)— ש. אש; טז) שיר ערש — נח פינס; יז) הקור (מסע בסביר, ע״פ ו. קורולנקא) — תר. אברא; יח) תחית המתים (שיר) — א. י. שטינברג; יט) קרוזה (ספור) — אדמונדה די אמיצה, תר׳ י. שף; כ) עורי ציון (שיר) — א. ליבושיצקי; כא) המשי (שיחה מדעית) — י. גרזובסקי; כב) משחקים — אריה; כג) התעודה הרעה (ציור הומרי), כד) דאגת נער (ציור הומרי): כה) זכרונות השנה.

מחירו 75 קאפ׳, לחותמי ה„עולם הקטן“ רק 50 קאפ׳. החותמים השנתיים על ה„עולם קטן“, המשלמים בעד כל השנה בבת אחת, מקבלים אותו בתור תשורה חנם. בעד משלוח עוד 10 קאפ׳. בעד כריכה יפה עוד 25 קאפ׳.

Издат. „Тушія“ Варшава. —Verlag „Tuschyja“ Warschau

בע״פ: נובוליפקי 7 מעון 9.



erausgeber Verlag »Volksbildung«. Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau. Druck v. S. L. Deutscher, Podgórze b. Krakau